פאמיליען-ביבליאטעק

שלום-עליכם.

# רוף מיך קנאקניסעל

וואַרשא, תרע"ב.

№ 123

פרייז 5 ק.

שלום עליכם:

1) פּעסעלע דעם רבינ׳ס 5

ל. שפּיראָ:

3) דער קוש 5

שלום עליכם:

4) אלמנה נומער 1 5

5) אלמנה נומער 2 5

6) אלמנה נומער 3 5

אברהם רייזין:

7) פערשפּעטיגט 5

9) נומע ברידער, קאָמעדיע 5

שלום אש:

10) מאָמענטען 15

שלום עליכם:

11) א חינרישנער בילעט 15

12) שמואל׳ליק 5

13) יוסף דער רושענטעלמען 10

ד. פּינסקי:

14) די יונגע ליעבע 5

שלום עליכם:

15) שפּרינצע 5

מ. טייטש:

16) דער שפּיאָן 5

שלום עליכם:

17) די ירושים 5

18) מיט׳ן עטאפּ 15

19) דער יונגסטער פון די מלכים 5

20) די ערשטע קאָמונע 10

21) חוה 5

22) ערשטע יודישע רעפּובליק 10

יעקב גאָרדין:

23) דער קרבן 5

שלום עליכם:

24) 13 פעראייניגטע שטעטעלעך 10

25) 13 געשטאנגענע 10

26) קולם הבא 10

27) הונדערט איינס 5

אברהם רייזין:

28) די ציגיינערין 5

שלום עליכם:

29) ערב-פּסח׳דיגע עמיגראציע 5

גיואי דע מאָפּאַסאַן:

30) שמעון 5

ה. ספּענסער:

31) שלאָף און חלומות 6

ח. דאָראָשעוויטש:

32) די בעראָנעסע 5

מענדעלע מוכר ספרים.

33) אין יענער צייט 10

לעוו טאָלסטאָי:

34) העמעס גלויבען איז בעסער? 5

יעקב דינעזאָהן:

35) המן און זיינע טעכטער 5

שלום עלכים:

36) אויף יענער זייט סמבטיון 10

37) א פּסח אין דאָרף 5

38) ל״ג בעומר 5

39) משגתלח 5

40) דער זייגער 5

41) א בלעטיל שיר השירים 7

42) א מעשה מיט אַ שניק 25

43) ווען איך בין ראָטשילד 5

אברהם רייזין:

44) א פּוילישער גלח 5

שלום עליכם:

45) גזלנים 6

46) א גרויסע געווינס 8

ג. נאָ־ין:

47) מאָפּיץ 5

שלום עליכם:

48) צוויי טויטע 8

49) דאָס פּער פעלק 8

יונה ראָזענפעלד:

50) קאָנקורענטען 5

שלום עליכם:

51) מענשען 15

יעקב דינעזאָהן:

52) שמשון שלמה 5

שלום עליכם:

53) בלינצעס 7

54) טביה דער מילכיגער פאַרטרט קיין ארץ ישראל 7

55) אסתר 7

56) געלד-שפּינערס 5

57) די שטאָדט כתרילעווקע 5

58) פיער וועגען מיר געוועסען 15

מ. מעטערלינק:

59) די דערטרונקענע 5

ג. הענדראָף:

60) פריהער און שפּעטער 5

שלום עליכם:

61) די גרויסע בהלה 15

62) רויבערס און שיכור׳ס 6

63) ביים קעניג אחשורוש 5

64) מיין ערשטער ראָמאַן 10

א. פראַנס:

65) דער גאָטען-הענדלער 10

שלום עליכם:

66) ראבטשיק 6

67) בערדיטשעווער טראַמוויי 5

68) בערדיטשעווער האָטעלען 8

69) בערדיטשעווער טעאַטער 5

70) בערדיטשעווער שריפות 6

71) די פרעהליכע קאָמפּאַניע 15

א. גערשין:

72) די נעפּטלענע פרוי 10

אברהם רייזין:

73) רעפּעטיציע 6

# רוף מיך קאָנאָניסטעל.

אַקעגען מיר, בײַם פענסטער, זיצט אַ יודעל מיט אַ שמײכלעני־דיג פּנים און מיט אַזעלכע אויגען, וואָס ווילען זיך אַרײַנקלויבען צו אײַך אין האַרצען אַרײַן, דאָס יודעל קוקט שוין לאַנג אַרויס, איך זאָל איהם זאַטשעפּען, נאָר איך האַלט מיך פון דער ווײַטען. עס ווײַזט אויס, אַז ס'איז איהם נמאס געוואָרען זיצען אינצווײען מיט אַ יודען אין וואַגאָן און שווײַגען. צעלאַכט ער זיך פּלוצים צו זיך אַלײן און רופט זיך אָן צו מיר:

— איהר פרעגט, וואָס איך לאַך? איך האָב מיך דערמאַנט אַ שטיקעל, ווי אַזוי איך האָב אָפּגענאַרט יעהופּעץ, חאַ־חאַ! יאָ, ווי איהר קוקט מיך אָן איך, איך משה נחמן פון קענעלע, אַ יוד מיט אַ הוסט און מיט אַ זאַדישקע, דאַכט זיך, איאָ? האָב איך אָפּ־געטהון אַ שפּיצעל אין יעהופּעץ, אָבער אַ שפּיצעל, חאַ־חאַ, זײ וועלען מיך האָבען צו געדענקען! אָט גיט מיר נאָר עטליכע מינוט צײַט, איך וועל מיך אויסהוסטען—אוי, אַ הוסט אויף פורישקעוויטשען געזאָגט געוואָרען! — וועט איהר הערען, וואָס אַ יוד קאָן.

ויהי היום, קום איך מיר צופאָהרען אײנמאָל קײן יעהופּעץ. וואָס פאָהרט אַזאַ יוד ווי איך מיט אַ הוסט און מיט אַ זאַדישקע קײן יעהופּעץ? געוויינטליך, צום פּראָפעסאָר. איך בין מיט מײַן הוסט און מיט מײַן זאַדישקע, ווי איהר קאָנט זיך פאָרשטעלען, אַנ'אָפּטער גאַסט אין יעהופּעץ. אפילו ניט אַזאַ'נ'אָנגעלײגטער גאַסט, וואָרום ווי

טאָר איך, משה נחמן פון קענעלע, זײַן אין יעהופּעץ, אַז איך האָב ניט קײן שום „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ“?... נאָר אַז מע האָט אַ הוסט מיט אַ זאַדישקע און מע דאַרף צום פּראָפעסאָר, יערנאָ ס׳דרוגים, איז עפּיס אַ תּירוץ? בעהאַלט מען זיך. מוטשעט מען זיך. קומט מען אין דער פריה און בײַנאַכט אַנטלױפט מען. אַניט חאַפּט מען אַ „פּראָחאָדנאָיע“ און מע קומט נאָך אַ מאָל. אַבי ניט געהן „פּאָעטאַפּאָם“. איך זאָל, הערט איהר, חלילה דאַרפען געהן „פּאָעטאַפּאָם“, ווײס איך ניט, אויב איך וואָלט דאָס אויסגעהאַלטען. איך וואָלט, דאַכט מיר, דרײַ מאָל געשטאָרבען פאַר בושה אַלײן. וואָרום ווי איהר קוקט מיך אָן, בין איך, דאַנקען גאָט, אַ שטיקעל בעל הבית בײַ אונז אין קענעלע מיט אַ „אימושטשעסטווע“: אַ דירה אַנ׳אײגענע, מיט אַ בהמה׳לע און מיט טעכטער צוױי, אײנע אַנ׳אויסגעגעבענע און די אַנדערע אויף חתונה צו מאַכען, יערנאָ ס׳דרוגים וואָס איז שייך!...

הכּלל, קום איך צופאָהרען קײן יעהופּעץ צום פּראָפעסאָר, איצ־טיגס מאָל ניט צום פּראָפעסאָר, נאָר צו די פּראָפעסאָרען. דאָס הײסט, אויף אַ „קאָנסוליום“ פון גאַנצע דרײַ פּראָפעסאָרען הײסט עס, איך האָב געוואָלט, פערשטעהט איהר מיך, אײן מאָל פאַר אַלע מאָל דערגעהן אַ טאָלק, וויסען וואָס בין איך מיט זײ — מילכיג צי פלײשיג? אַז בײַ מיר איז אַ זאַדישקע — דאָס זענען זײ, הײסט עס אַלע מודה. נאָר וואָס מע טהוט צו דער זאַדישקע, איך זאָל איהר פּטור ווערען — דאָס איז שוין, זעהט איהר עפּיס אַנדערש. זײ מו־טשען זיך נעבאַך. זײ פּרובען זיך. זײ געהען, ווי זאָגט איהר, האַרט בײַ די ווענד. למשל, איך קום צו געהן צו מײַן אַלטען פּראָפעסאָר, סטריצעל הײסט ער, אַ דימענט פון אַ פּראָפעסאָר. נעמט ער און פערשרײַבט מיר אַ רעצעפּט „קאַדעיני סאַחאַריפּולוועראַטי“. קאָסט דאָס ניט טײַער און ס׳איז זיסליך אויפ׳ן טעם. קום איך צו אַנ׳אַנדער פּראָפעסאָר. געהט ער און פערשרײַבט מיר „טינקטוראַ אָפּיע“ טראָ־פּען אַזעלכע. האָבען זײ אַ טעם פון חלשות. קום איך צום דריטען פּראָפעסאָר, פערשרײַבט ער מיר אויך טראָפּען, האָבען זײ כּמעט דעם זעלביגען טעם, נאָר הײסען, הײסען זײ ניט „טינקטוראַ אָפּיע“, נאָר „טינקטוראַ טעבײַאַקאַ“. זענט איהר שוין פאַרטיג? קום איך צו אַ פרישען פּראָפעסאָר, נעמט ער און פערשרײַבט מיר גאָר אַ מין ביטערניש מיט׳ן נאָמען „מאָרפיום אַקוואַ אַמיגדאַלאַריאום“. איהר חדושט זיך, וואָס איך קען לעטײַן? איך קען אַזוי לעטײַן אַזוי ווי איהר

אייננליש, נאר אז מע האט א הוסט מיט א זאדישקע מיט א טובערקולאז — יערנא ס'דרוגים, קאן מען זיך אויסלערנען לעטען אויך.

הכלל, בין איך געקומען קיין יעהופעץ אויף א קאנסוליום. וואו שטעלט זיך אב אזא יוד ווי איך, אז ער קומט קיין יעהופעץ? גע־ווייטליך, ניט אין קיין האטעל און ניט אין קיין גאסטינעץ. ערשטענס, רייסען זיי די הויט. און אגב, ווי קאן איך מיך אבשטעלען אין א האטעל, אז איך האב ניט קיין שום „פראוואזשיטעלסטווע"? שטעל איך מיך אב אלע מאל ביי מיינעם א שוואגער. איך האב מיין אייגענעם א שוואגער א שלים מזל, איז ער א יוד א מלמד, און אן ארימאן איז ער, חוץ זיין שאדען אויף פורישקעוויטשען נעזאגט געווארען, און א מטופל מיט קינדער—זאל דער אויבערשטער היטען! נאר וואס דען? גאט האט איהם געהאלפען, ער האט א „פראוואזשיטעלסטווע" האט ער, און דוקא א כשר'ע „פראוואזשיטעלסטווע". ווי קומט צו איהם א „פראוואָ־זשיטעלסטווע?—בראצקי! ער איז א „סלוזשיטעל" ביי בראצקי'ן. חלילה ניט קיין דירעקטאר פון זאוואדען, נאר ער איז אין בראצקיס שוהל אינטען ביי די שנײַדערס. א בעל קורא איז ער. א „דולאזשנע ליצא", אדער ווי מע רופט עס דארטען, „אנ'אבראדטשיק", און ווי באלד אנ־„אבראדטשיק" אזוי מעג ער שוין זיצען אויף מאליוואסילקאווסקי, דארט וואו דער געוועזענער פאליצמייסטער איז א מאל געזעסען. זיצט ער, הייסט עס, אויף דער מאלאוואסילקאווסקי, טאקי ניט וויַט פונ'ם געוועזענעם פאליצמייסטער, און מוטשעט זיך, קוים־קוים וואס ער קומט אויס מיט'ן שטיקעל ברויט. דער גאנצער ארויסקוק זייערער מסתמא איז אויף מיר, איך בין, הייסט עס, דער נגיד אין דער משפחה, משטיינסגעזאגט... קום איך צופאהרען קיין יעהופעץ, האלט איך ביי זיי סטאנציע, עס איך ביי זיי א ווארעמעס, א וועטשערע, פאלגט מען מיך א גאנג—יערנא ס'דרוגים, פאלט זיי אמאל אריין א קערבעל, אמאל צוויי, אויף פורישקעוויטשען געזאגט געווארען... איצטיגס מאל אבער, איך קום צופאהרען, איך זעה, מיינע לייט זענען הושך, געהען ארום אהן קעפ. „וואס איז די מעשה?" „ס'איז שלעכט" „דהיינו?" „אבלאווע". „פחע, כ'האב געמיינט, זאג איך, מי יודע וואס! אבלאַ־וועס—דאס איז דאך אנ'אלטע מכה, זאג איך, נאך מששת ימי בראשית"... „ניין, זאגען זיי, אבלאוועס צו אבלאוועס איז ניט גלייך. איצט, זאגען זיי, איז ניטא די נאכט, ס'זאל ניט זיין קיין אבלאווע,

און האַפּט מען אַ יורעשן, איז יהיה מי שיהיה — : [illegible]נס-צוויי-דריי מיט'ן עטאַפּ". „נו, און געלד?" „בלאַטע". „אַ קערבעל?" „בלאַ". „אַ דרייערל?" „אַפילו ניט אַ מיליאָן!". „אויב אַזוי, זאָג איך, איז דאָך טאַקי גוט פּאַסקודנע". „פּאַסקודנע צו פּאַסקודנע, זאָגען זיי, איז ניט גלייך. קודם, זאָגען זיי איז שטראַף. און נאָכדעם ערשט—מיט'ן עטאַפּ. היינט דער סקאַנדאַל פאַר בראָצקי'ן!"... „מילא, זאָג איך, בראָצקי היינט, בראָצקי מאָרגען. איך קאָן, זאָג איך, צוליעב בראָצקי'ן, זאָג איך, מיט מיין געזונד ניט שפּעקעלירען. איך בין געקומען, זאָג איך, אויף אַ קאָנסוליום פון פּראָפעסאָרען, קאָן איך צוריק, זאָג איך, ניט אַנט-לויפען". הכּלל, טענות אַהין, טענות אַהער—דער טאָג שטעהט ניט. מע דאַרף לויפען צו די פּראָפעסאָרען מכּח אַ קאָנסוליום, נאָר וואָס מיר קאָנסולים? ווער מיר קאָנסולים? אַז דער קאָן קומען ערשט מיטוואָך פאַר האַלבען טאָג, און דער—מאָנטאָג נאָך האַלבען טאָג, און יענער—נישט פריהער ווי איבערמאָרגען דאָנערשטאָג, היינט געה, אַ מעשה אויף דריי וואָכען מיט אַ מיטוואָך! וואָרום וואָס געהט זיי אָן, למשל, וואָס משה נחמן פון קענעלע האָט אַ זאַדישקע מיט אַ הוסט, און שלאָפט ניט קיין נעכט, אויף פּורישקעוויטשען געזאָגט געוואָרען?... דערווייל ווערט נאַכט. עסט מען ווערטשערע און מע לייגט זיך שלאָפען. איך ווער נאָר-וואָס אַנשלאָפען, איך הער: ט—ר—אַך-טאַראַראַך! איך רייס אויף די אויגען: „ווער איז?" „מיר זענען פערפאַלען!" זאָגט צו מיר דער שוואָגער מיינער, דער שלים מזל, שטעהט איבער מיר אַ טויטער מענש און טרייסעלט זיך ווי אַ הושענא. „וואָס טוט מען, זאָג איך, איצטער?" „אדרבה, זאָגט ער, זאָג דו, וואָס טוט מען?" „וואָס, זאָג איך, זאָל מען טון, ס'איז ביטער". „ביטער צו ביטער, זאָגט ער, איז ניט גלייך. ס'איז, זאָגט ער, ביטער אַזוי ווי גאַל". און אין דרויסען ביי דער טיר: טראַך—טאַראַראַך! די קליינע קינדער נעבאַך האָבען זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ גוואַלד, מיט אַ געוויין: „מאַ—מע!" שטיקט זי זיי, די מוטער הייסט עס, און וואַרגט זיי, ס'זאָל זיין שטיל—אַ שענע חתונה! „עה, טראַכט איך מיר, משה נחמן פון קענעלע, דו ביזט גוט אין דער אַרבייט, אויף פּורישקעוויטשען געזאָגט געוואָרען!" און עס פאַלט מיר אַריין פּלוצים אַ קאָמבינאַציע אין קאָפּ און איך רוף מיך אָן צו מיין שוואָ-גער: „שאַ, זאָג איך, ווייסט דו וואָס, דוד? זיי זיך איך, און איך וועל זיין דו". קוקט ער אויף מיר, ווי אַ לעמעשקע: „וואָס הייסט?"

„דאָס הייסט, זאָג איך, מיר ווע֫לען זיך בייטען מיט די יוצרות. דו װעסט מיר געבען דיין פּאַס, איך וועל דיר געבען מיין פּאַס. וועסט דו זיין משה נחמן, און איך וועל זיין דוד״. א טומפּיקער מח! קוקט אויף מיר ווי א זינדיגער מענש, פערשטעהט ניט, וואָס מע רעדט צו איהם. „בהמה, זאָג איך וואָס פערשטעהסט דו דאָ ניט? דאַכט זיך, אַ פּראָסטע קאָמבינאַציע, זאָג איך. אַ מינדסט קינד קאָן עס פערשטעהן. דו וועסט ווייזען מיין פּאַס, און איך וועל זיי ווייזען דיין פּאַס, יערנאָ ס׳דרוגים—האָסט דו דאָס צעקײַט, צי מע דאַרף עס דיר צעקייען און לייגען אין מויל אַריין?״

אַ פּנים, ער האָט דאָס צעקײַט און מיר האָבען גענומען זיך בייטען מיט די יוצרות. איך איהם מיין פּאַס, ער מיר זיין פּאַס. און דאָרטען די טיר ווערט ע׳ער ניט צעשפּרונגען: טראַך—טאַרעראַך! טראַך־טאַרעראַך; „סײַטשאַס! זאָג איך! וואָס האָט איהר אַזוי קיין צייט ניט? דער טײַך ברענט ניט!״ זאָג איך, און צו מיין שוואָגער רוף איך מיך אָן: „געדענק זשע, דוד, דו הייסט שוין נישט מעהר דוד, נאָר משה נחמן״... און איך לאָז מיך צו דער טיר — „ברוך הבא געסט״!—אַ גאַנצע חאַליאַסטרע, יוצר משרתים ואשר משרתיו, ווי זאָגט איהר, אַ גדולה, פריילעך אין שטעדטעל...

ס׳פערשטעהט זיך, אַז קודם האָט מען זיך געגעבען א נעם צו מיין שוואָגער דעם שלים מזל. וואָס עפּיס צו איהם? ווייל איך האָב מיך געהאַלטען, פערשטעהט איהר מיך, מעשה מענש, ווי זאָגט איהר, אַ קניפּ אין באַק, די פּאַרע זאָל שטעהן, און ער — אויף פּורישקע־וויטשען געזאָגט געוואָרען. האָט מען איהם מסתמא אַ חאַפּ געטאָן: „אָטקודעוואַ, גאָספּאָדין יעווריי?״—ניטאָ קיין לשון. שטעל איך מיך אַרויס פאַר׳ן מליץ יושר און מאַך צו איהם: „יהודי בלא, וואָס שווייגסט דו? דבר, דבר זיי, אַז דו ביזט משה נחמן פון קענעלע״. און צו זיי טו איך מיך אַ וואָרף מיט תחנונים: אַזוי און אַזוי, זאָג איך, וואַשע וויסאָקע פּראַוואָזשיטעלסטע, זאָג איך, אַנ׳אָרעמער קרוב געבאַך. שוין לאַנג, זאָג איך, ניט געזעהען זיך, געקומען צו מיר פון קענעלע״. און אינוועניג אין האַרצען שטיקט מיך, איך ווער שיער ניט צעשפּרונגען פאַר געלעכטער, חאַ־חאַ! איהר פערשטעהט? איך, משה נחמן פון קענעלע בעט רחמים פאַר משה נחמנ׳ען הייסט עס, פאַר מיך אליין טאַקי, חאַ־חאַ־חאַ! איז אָבער די צרה, וואָס מיין

רעדען מיט מײַנע בקשות האָבען געהאָלפען, ווי דער פּאַראַיאָהריגער שנײ, און מע האָט מײַן בחור אויפגעקלאַפּט, ווי דער רוח דעם מלמד, און מע האָט איהם אָבגעפיהרט גאַנץ פײַן אין הר גריאָ אַרײַן מ׳ט׳ן גאַנצען קנאַק, ווי גאָט האָט געבאָטען. און מיך האָט מען אויך געוואָלט צונעמען. דאָס הײסט, מע האָט שוין טאַקי מיך געהאַט צוגענומען, מע האָט מיך אָבער באַלד אַרויסגעלאָזט. וואָרום וואָס הער איך זײ, איך בעט אײַך זעהר? אַ מענש מיט אַ „פּראַוואָזשיטעלסטווע״ שוואַרץ אויף ווײַס, בפירוש פאַרשריבען, אין בראָצקי׳ס שוהל בײַ די ענײַדערס אַנ׳אָבראַדטשיק, און א קערבעל אויך מכתמא, יעדנאָ ס׳דרוגים, איהר פערשטעהט? „חאַראַשאָ, זאָגען זײ צו מיר, גאָספאָדין אָבראַדטשיק. דו נעה דערווײַל אַהײם. מיר וועלען דיר שוין נאָכדעם בעווײַזען, ווי אַזוי צו האַלטען קאָנטראָבאַנדע אויף דער מאַלאָוואַסילקאָווסקי!״ מיט א פרישען קוילעטש, הײסט עס, גלײַך אין פּנים אַרײַן, האַ-האַ...

זאָל איך אײַך דערצעהלען ווײַטער? מילא פון קאָנסולים איז דאָך שוין אָבגערעדט. ווער האָט אין זינען געהאַט אַ קאָנסולים, אַז מע האָט גאָר בעדאַרפט ראַטעווען דעם שוואָגער? פון וואָס מײנט איהר, ראַטעווען? פונ׳ם עטאַפּ? חלילה! דאָס האָט ניט געהאָלפען. מיט׳ן עטאַפּ איז ער נעגאַנגען, נאָך אַ מין געהן. אויף פורישקעוויטשען געזאָגט געוואָרען! אײדער מיר האָבען איהם דערלעבט זעהען אין קענעלע, דעם שלים מזל, זענען אונז, הערט איהר, שיער די אויגען אַרויסגעקראָכען, און אַז מע האָט איהם שוין קוים אַמאָל געבראַכט צו פיהרען קײן קענעלע, האָט ער ערשט געהאַט אויף זיך אַ נײַעם אומגליק. אַ פרעמדען פּאַס מיט אַ פרעמדען נאָמען, יעדנאָ ס׳דרוגים, פרעגט ניט. איך האָב מיט איהם געהאַט צו זינגען און צו זאָגען. לאָם איך עס פערדיענען, הערט איהר, אַלע דרײַ חדשים, וואָס סע האָט געקאָסט. אַחוץ וואָס איך האָב אויף זיך אַ פּעקעל, איך מוז איהם נאָך עד היום אויסהאַלטען מיט ווײַב און קינדער. וואָרום ער טענה׳ט, אַז איך האָב איהם אומגליקליך געמאַכט, טענה׳ט ער. ער זאָגט, אַז איבער מיר האָט ער אָנגעוואוירען די גאַנצע „פּראַוואָזשיטעלסטווע״ מיט דער שטעלע בײַ בראָצקי׳ן... און עס קאָן זײַן, אַז ער איז אפשר ניט אינגאַנצען אומגערעכט אויך, דער עיקר איז אָבער, האַ-האַ, נישט דאָס. דער עיקר איז דער אײַנפאַל, די קאָמבינאַציע, איהר פערשטעהט? ראַכט זיך, וואָס? אַ יורעל פון

קענעלע מיט אַ הוסט און מיט אַ זאַרישקע און מיט אַ טובערקולאָ, אויך, אויף פורישקעוויטשען געזאָגט געוואָרען, יעדנאָ ס׳דרוגים, און זעהן אַ שום „פּראַוואָזשיטעלסטווע”. פונדעסטוועגען, אז מע דאַרף, קומט ער זיך קיין יעהופעץ, שטעלט זיך אָב אויף מאַלאָוואַסילקאָווסקי! גיט וויַיט פונ׳ם געוועזענעם פּאָליצמייַסטער און—רוף מיך קנאַקניסעל!



# דֶער צֶעהנְטֶער.

נַיְין זֶענֶען מִיר גֶעוועֶן אִינ'ס גַאנצֶען וואָגָאן. נַיְין יוּדֶען. אוּנז הָאט גֶעפֶעהלט אַ צֶעהנטֶער, צוּ אַ מנין.

אֵייגֶענטלִיךְ, אִיז גֶעוועֶזֶען אַ צֶעהנטֶער אוֹיךְ. נָאר דֶער צֶעהנטֶער אִיז גֶעוועֶן בַּיי אוּנז ספק יוּד, ספק כרִיסט. אַ שטִילשווייַגֶענדִיגֶער פַּארשוין מִיט אַ גאָלדֶענֶעם פֶּענסנֶע. אַ רָאבֶּעטִינִי פּנים מִיט קלַייֶען, נָאר אָהן אַ בָּארד. אַ נָאז אַ יוּדִישֶׁע, נָאר וואָנסֶעם מאָדנֶע פֶערדרֶעהט אַרוֹיף. אוֹיעֶרֶן אָפּגֶעשטַאנֶענֶע, נָאר אַ הַאלז אַ רוֹיטֶער. די גַאנצֶע צַייט הָאט עֶר זִיךְ גֶעהַאלטֶען פוּן אוּנז גַאנץ בֶּעזוּנדֶער. גֶעקוּקט אִין פֶענסטֶער אוּן גֶעפַייפט. גֶעזֶעסֶען אִיז עֶר, גֶעווֵיינטלִיךְ, אָהן אַ הִיטֶעל. אוּן אַ רוּסִישׁ בְּלַאט אוֹיף די קנִיע. אוּן שַא, קַיין וואָרט נִישט אַרוֹיסגֶעלָאזט. דוּרכאוֹיס מעשה רוּס. אַיין עֶכטֶער פּאָני. הַא? נָאךְ אַ מָאל: זָאל דָאס טַאקִי זַיין אַ גוֹי? סטַייטש, ס'אִיז דָאךְ אָבֶּער פָּארט נִישט קַיין גוֹי. בְּלָאטֶע! אַ יוּד אַ יוּדֶען וועֶט נִישט נַארֶען. אַ יוּד אַ יוּדֶען וועֶט דֶערקֶענֶען פַאר אַ מַייל אִין אַ פִינסטֶערֶער נַאכט. גְוואַלד, דֶער צלם אלקים! נַיין, ס'אַ יוּד. אַזאַ שטִיק גאָלד, ווִי אַ יוּד דָאס אִיז! אוּן ווִידֶער צוּרִיק. טאָמֶער נַיין? אַ קשיא הַיינטִיגֶע צַייטֶען... הָאבֶּען מִיר זִיךְ מיישב גֶעוועֶן: אוֹיךְ די אֵייגֶענֶע מעשה. אַ יוּד נֶעבֶּעךְ ווִיל, מֶע זָאל חָאטש מֵיינֶען, אַז עֶר אִיז אַ גוֹי — לָאז אִיהם וואוֹיל בֶּעקוּמֶען. וואָס זשֶׁע טהוּט מֶען אָבֶּער, אוּנז גֶעהט אָפּ אַ צֶעהנטֶער? מִיר הָאבֶּען אַ יאָהרצַייט אִין וואַגָאן. אִיהר מֵיינט, עֶפִּיס גְלַאט אַ יאָהרצַייט? — אַ יאָהרצַייט נָאךְ אַ טַאטֶען? אָדֶער נָאךְ אַ מַאמֶע? נַיין. דָאס אִיז גֶעוועֶן אַ יאָהרצַייט נָאךְ אַ קִינד. נָאךְ אַ זוּהן. אֵיין-אוּן-אֵיינצִיגֶען זוּהן הָאט אַ יוּד בֶּעגרָאבֶּען. קוֹים אוֹיסגֶעבֶּעטֶען, מֶע זָאל אִיהם אַרוֹיסגֶעבֶּען פוּן דֶער טוּרמֶע שוֹין לאחר המעשה, מֶע זָאל אִיהם בְּרֶענגֶען צוּ קבר ישראל... דֶער פָאטֶער שווֶערט, אַז עֶר אִיז גֶעוועֶזֶען גָאט די נשמה. צוּ גִיךְ, זָאגט עֶר, הָאט מֶען אִיהם אָפּגֶע'משפּט. דָאס הַייסט, אַ חברה-מַאן צווִישֶׁען חברה אִיז עֶר אפילוּ, זָאגט עֶר, גֶעוועֶן, נָאר הֶענגֶען

איז אִיהם, זאָגט ער, נִישט געקומען. מע האָט אִיהם אָבער געהאָנגען — פערפאַלען! אִיז דִי מוטער בּאַלד נאָך אִיהם אַוועקגעגאַנגען. דאָס הייסט, נִישט אַזוי גיך. אָהאָ! זִיך פריהער גוט אָנגעמוטשעט, אַליין געמוטשעט זִיך און אויך אִיהם גרוי און אַלט געמאַכט.

— וויפִיעל, מיינט אִיהר, בִּין אִיך אַלט מיין אייגענם?

מִיר קוקען אַלע אויפ'ן דאָזִיגען פאַרשוין און ווִילען טרעפען, וויפִיעל אַלט ער אִיז. ס'אִיז אומעגלִיך: יונגע אויגען, גרויע האָר. אַ געקנייטשטער שטערן, אַ שמייכלענדִיג־וויינענדִיג פּנים. און דער גאַנצער נפש — עפּים אַ מאָדנער. טאַקי אַ פִידזשאַק, נאָר אַ לאַנגלִיכער. טאַקי אַ קאַפעלישעל, נאָר פערוקט אַהִינטער. טאַקי אַ בּערדעל. נאָר שטאַרק פערקייַלעבִיגט. און אויגען... אַך, אויגען! אַזעלכע אויגען, ווען אִיהר זעהט אַיין מאָל, וועט אִיהר זיי שוין קיינמאָל, קיינמאָל נִישט פערגעסען. שמייכלענדִיג־וויינענדִיגע, אָדער וויינענדִיג־שמייכלענדִיגע אויגען... וואָלט ער חאָטש בּעקלאָגט זִיך, וואָלט ער חאָטש געלאָזט אַ טרער. אִיז ניין. דוקא פרעהלִיך און דוקא לעבּעדִיג — אַ מאָדנער, מאָדנער נפש.

— הכּלל, וואו נעמט מען אַ צעהנטען? — האָט זִיך איינער אָנגערופען און געוואָרפען אַיין אויג אויפ'ן פייפער, וואָס מאַכט זִיך גלַייַך ווי ער הערט נִישט, קוקט אִין פענסטער אַריין און פייפט אויס עפּים אַ בּעקאַנטען ניגון, דאַכט זִיך, אַז „קעקאַזאָק".

— וואָס הייסט, אַ צעהנטער? — רופט זִיך אָן נאָך איינער. — מִיר האָבען דען נִישט קיין מנין?

און ער האָט גענומען צעהלען מִיט'ן פִינגער: נִישט איינס, נִישט צוויי, נִישט דריי...

— אָהן מִיר! — האָט זִיך אָנגערופען דער פייפער, דוקא אויף יודִיש.

מִיר זענען אַלע געבּלִיבּען ערשטוינט.

— אִיהר זענט דען קיין יוד נִישט?

— אַ יוד בִּין אִיך, נאָר אִיך האַלט נִישט פון די זאַכען.

אַ היבּשע ווייַלע זענען מִיר געזעסען אַלע, ווי געפּלעפּט, געקוקט איינס אויף דאָס אַנדערע אָהן לשון. נאָר איין „בּעל־יאָהרצייַט" האָט זִיך נִישט פערלוירען. מִיט זיין פריינדלִיך־וויינענדִיגען שמייכעל האָט ער זִיך אָנגערופען צום יונגען־מאַן דעם פייפער:

— הונדערט און צוואַנצִיג יאָהר זאָלט אִיהר לעבּען. אִיך קומט אַ נאָלדענעם מעראַל.

— פאַר וואָס אַ גאָלדענעם מעדאַל ?

— איך וועל אייך זאָגען, ס'איז אַ ביסעל אַ צו לאַנגע מעשׂה. אויב איהר ווילט זיין אַ צעהנטער צום מנין, זאָג איך אָפּ אויף אַ מינוט קדיש, אָך מיין זוהן, וועל איך אייך דערצעהלען אַ שיינע געשיכטע.

און דער פרעהליכער בעל־יאָהרצייט נעמט אַרויס אַ פּאַטשיילע, גאַרטעלט זיך אַרום דעם פּידזשאַק און שטעלט זיך אַוועק מיט'ן פּנים צו דער וואַנד:

— אשרי יושבי ביתך עוד יהללוך סלה...

איך ווייס ניש, ווי אַזוי איהר. איך בין מיך מודה, אַז איך האָב ליעב אַ וואָכעדיגע מנחה. איין וואָכעדיגע שמונה־עשׂרה איז ביי מיר זיסער פון צעהן חזנ'ישע קונצענדיגע שטיק, שבת'דיגע דריידלעך מיט יום־טוב'דיגען שטייגער. די שמונה־עשרה פון דעם בעל־יאָהרצייט דאָ אין וואַגאָן איז געוועזן מיט אַזוי פיעל הארץ, מיט אַזוי פיעל נשמה, אַז עס האָט אונז צ'לעמען צענומען. און מיר דאַכט, אַז אַפילו דעם צעהנטען פּאַרשוין דעם פייפער אויך. האָרכען אַ טאַטען, ווי ער זאָגט קדיש נאָך אַ זוהן — איז עפּיס אויך ניש פון די קליינע זאַכען. און דערצו האָט דער בעל־יאָהרצייט געהאַט אַ זיסע האַרציגע שטימע, וואָס האָט זיך געגאָסען ווי אַ בוימעהל גלייך אין די ביינער אַריין. און איבערהויפּט — דער קדיש! דער קדיש! נאָר אַ שטיין האָט דער קדיש געקאָנט נישט ריהרען...

קורץ — דאָס איז געוועזן שוין איין מאָל אַ מנחה.

אָפּגעדאַוועט און אָפּגעבונדען די פּאַטשיילע, האָט זיך אונזער בעל יאָהרצייט אַוועקגעזעצט אַקעגען דעם צעהנטען פּאַרשוין און מיט אַ פרעהליך־וויינענדיג פּנים, ווי זיין שטייגער איז, האָט ער אָנגעהויבען צו דערצעהלען די געשיכטע, וואָס ער האָט איהם צוגעזאָגט. בעת־מעשה האָט ער זיך געגלעט דאָס בערדעל און געריבען פּאַוואָלינקע, ווי אַ מענש וואָס האָט צייט:

— די מעשה, וואָס איך וויל אייך, יונגערמאַן, דערצעהלען, איז, אייגענטליך, נישט איין מעשׂה, נאָר דריי מעשׂות, דריי קליינינקע מעשה'לעך.

די ערשטע מעשה האָט זיך געטראָפען אין אַ דאָרף, ביי אַ רענדאַר. געזעסען אין אַ דאָרף אַ רענדאַר מיט אַ רענדאַרקע. דאָס דאָרף איז געוועזן אַ גרויס דאָרף. גויים אַ סך, יודען נישט איינער. אַ יחיד הייסט עס. אדרבה, נאָך בעסער. פּרנסה בשפע. ווי זאָגט מען: זיצען זאָל מען צווישען גויים... איין זאַך נאָר האָט זיי געפעהלט — קינדער. אַ צייט נישט געוועזן ביי זיי קיין קינדער, איז זיי נישט איינגעגאַנגען דאָס לעבען. ערשט אויף

דער עלטער האט גאט רחמנות געהאט, די רענדארקע איז פערגאנגען אויף טראגען און האט געבוירען דעם רענדאר למזל א יונגעל. א בן זכר. א גדולה! דארף מען, הייסט עס, פראַוען א ברית, ווי גאט האט געבאטען, אויפ'ן אבטען טאג האט מיין רענדאר גאנץ פיין איינגעשפאנט פערד און וואגען און איז אוועק אין שטאדט אריין, אראפגעבראכט דעם רב מיט'ן שוחט מיט'ן שמש מיט נאך פינף יודען. א ווארעמעס האט די רענדארקע מסתמא צוגעגרייט א גרויס-ארטיגען. אלסדינג פיין ארום און ארום. מע טהוט זיך א חאפ — ניטא קיין מנין. עס פעהלט א צעהנטער. וואס איז די מעשה? א רענדארישער קאפ. אריינגערעכענט די רענדארקע אויך אין קאן. איז מסתמא געווארען א גרויס געלעכטער. אהין-אהער — דער טאג שטעהט נישט. וואס טהוט מען? א גרויס דארף. גוים א סך. יודען, להבדיל, נישט איינער. שלעכט! מע טהוט א קוק — עס פאהרט צו גלייך צו דער קרעטשמע א בויד. און אין בויד — א בעל-עגלה. לאז זיין א בעל-עגלה, אבי א יוד... „ברוך הבא!" „שלום עליכם!" „קומט אריין, וועט איהר זיין א צעהנטער!"... די שמחה איז געווען נישט צו בעשרייבען. היינט זעהט, וואס פאר א גרויסען גאט מיר האבען. א גאנץ דארף מיט גוים קאנען גאר נישט מאכען. קומט איין יוד, א בעל-עגלה, דאכט זיך — אהא, שוין גוט!

די צווייטע מעשה, מיין ליעבער יוד, האט זיך געטראפען שוין נישט אין א דארף, נאר אין שטאדט. און דוקא אין א יודישער שטאדט. שבת איז דאס געווען. פרייטאג-צו-נאכט'ס, הייסט עס, נאך ליכטבענטשען. געקומען פון שול. אפגעמאכט קידוש. זיך געוואשען. מע זעצט זיך צום טיש — איז זיך מיישב א ליכט און הויבט אן שמעלצען זיך. שטעלט מען אוועק מסתמא א שבת-קוילעטש א קעגען שנויץ — עס העלפט נישט. אראפגעפאלען דער שנויץ אויפ'ן טיש, אנגענומען דאס טישטוך. אט באלד ווערד א שרפה. וואס טהוט מען? פערלעשען? טאר מען נישט — שבת! האבען זיך צונויפגעקליבען די שכנים, די גאנצע גאס. א גוואלד, א געפילדער: „יודען, מיר זענען פערפאלען!"... מע טהוט א קוק — חוועדער דער שבת-גוי. „חוועדער סערדצע! טשי טי באטשיים אנא דרושע סוויטלא?"... אויף יודיש הייסט עס: צי זעהסט דו, גוי, ווי דארט איז ליכטיג?... און חוועדער, חאטש א גוישער קאפ, האט פערשטאנען, וואס מע מיינט... א שפיי אויף דער האנד און מיט צוויי גראבע גוישע פינגער האט ער געגעבען א נעם אפיר דעם שנויץ — אויס שרפה. נו, פרעג איך אייך: איז גאט'ס וואונדער דען אפצושאצען? קיין עין-הרע, אזוי

פיעל יודען האבען גארנישט געקאנט מאכען. געקומען איין גוי — אפּ-געראטעוועט א גאנצע שטאדט.

אצונד בעדארף מען אייך, הייסט עס, דערצעהלען די דריטע מעשׂה. דאס האט שוין געטראפען, פערשטעהט איהר מיך, ביי'ם רבי'ן אליין. דער רבי זאל לעבען האט געהאט א בן־יחיד, און דוקא א געראטענעם בן־יחיד, מיט אלע מעלות, ווי עס גיט זיך איין ביי א רבי'ן. האט מען איהם מסתמא יונג חתונה געמאכט, געגעבען א ווייב, מיט נדן, מיט אייביגע קעסט און אוועקגעזעצט, ער זאל זיצען און לערנען. זיצט ער און לערנט. וואלט אלסדינג געווען גוט און פיין — ווען זשע? ס'זאל נישט זיין קיין „פריזיוו“ אויף דער וועלט. חאטש אפילו, אין פלוג, וואס הערט דעם רבי'נס זוהן א פריזיוו? אז ראשית איז ער א בן־יחיד, איין־און־איינציגער. והשנית, טאמער וועט דארפען קאסטען געלד, וועט אין געלד קיין מניעה נישט זיין. איז אבער געווארען א ביטערע צייט, משטיינס געזאגט. מע האט אנגעהויבען נעמען ביי יודען בני־יחידים, און קיין געלד העלפט שוין אויך נישט. אפילו קיין צעהן טויזענד! ביטערע נאטשאלסטיווא, א רשע א דאקטאר — שלעכט, שלעכט! וואס טויג אייך, מיין ליעבער יונגערמאן, מע האט אריינגעפיהרט דעם רבי'נס זוהן א נאקעטען. דאס ערשטע מאל אויף זיין לעבען איז איהם אויסגעקומען צו שטעהן בגלוי־ראש, אהן א היטעל הייסט עס. און דאס איז געווען זיין גליק. ווארום אויפ'ן קאפּ האט זיך בעוויזען ביי איהם, נישט פאר אייך געדאכט, א צאצקע, און דוקא נישט קיין געמאכטע. א סברא אז דאס איז איהם פערבליבען נאך פון קינדווייז. געווען א קינד אנ'עקשן. זיך נישט געלאזט צוואגען... פערשטעהט זיך, אז מע האט איהם געגעבען דעם וועג.

הַיינט פרעג איך אייך, מיין ליעבער יונגערמאן, וואס זענט איהר ווערטה? אז א יוד זענט איהר, און א גוי ווילט איהר זיין, און דאס דריטע זענט איהר במילא — נו, קומט אייך נישט קיין גאלדענעם מעדאל? . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אויף דער ערשטער סטאנציע איז אונזער „צעהנטער“ נעלם געווארען.



# די יודישע געשיכטע

## ניי בעארבייט נאך פראפ. גרעץ און אנדערע קוועלן.

„די יודישע געשיכטע" איז די ערשטע פאלשטענדיגע געשיכטע פאר'ן פאלק, וואס איז געשאפען געוואָרן אין דער שפראך פון פאלק און אין זיין גייסט. עס איז דאס גרויסע בוך פון אלע יודישע צייטען און דורות, וואס מוז געלייענט ווערען פון יעדען יודען און זיך געפינען אין יעדען יודישען הויז; עס איז דער לעהרער און וועג-ווייזער, וואס בעקאנט יעדען יודען מיט זיין שטאנד, מיט זיינע אבות, מיט זיינע ערשטע פיהרער און ערציהער, און שילדערט איהם אין א שענער אנציהענדער פארם אלץ, וואס זיין פאלק האט איבערגעלעבט, איבערגעליטען, געשאפען און אויפגעטאן אין דעם משך פון די אלע טויזענדער יאהרען, צייט עס איז ארויף אויף דער היסטארישער סצענע ביז דער לעצטער צייט; עס איז די שענע, פיעל-פארביגע בילדער-גאלעריע, וואס שפיגעלט אב פאר'ן לעזער די ליכטיגע, ווי אויך די פינסטערע מאמענטען פון דער יודישער ווייטער און נאהנטער פערגאנגענהייט: די ענטשטעהונג פון דעם יודישען שטאם, די אויסבילדונג פון דעם יודישען גייסט, די יודישע מלוכה, די נבואה, די העלדישע מלחמות פאר דער בעפרייאונג פון פאטערלאנד, די ענטשטעהונג פון קריסטענטום, דער קאמפף צווישען די יודען און די ערשטע קריסטליכע אפאסטאלען, די ענטשטעהונג פון משנה און תלמוד, דער אונטערגאנג פון יהודה, די נייע גייסטיגע צענטערן, די אייביגע וואנדערונג, די רדיפות אין גלות און אזוי כסדר ביז די לעצטע עטאפען פון אונזער וואנדער-לעבען.

---

די שפראך פון „דער יודישער געשיכטע" איז שען, ריין יודיש און לייכט, און דאס ווערק איינגאנצען ליעזט זיך מיט א בעגייסטערטען אינטערעס.

דאס גאנצע ווערק ענטהאלט 24 חלקים אין 4 בענדער.

—— פרייז פיר דאס ווערק 5 רובל. ——

# אויסגאַבע „פאַמיליען-ביבליאָטעק“. וואַרשא.

### שלום עליכם:

- 74) די וואַסע כפּרה — 10
- 75) דער טוידטער אתרוג — 10
- 76) א בוידעם — 7
- 77) הייגטיגע קינדער — 8
- 78) חנוכה-געלד — 7
- 79) אלעמען גלייך — 10
- 80) א פערשטערטער פסח — 7
- 81) דער נס פון הושענא רבה — 5
- 82) צו אונזערע שוועסטערן — 8
- 83) צוויי שלח-מנות'ן — 5
- 84) אויף וואָס דאַרפען ייִדען א לאַנד? — 8
- 85) סטעמפעניו — 40
- 86) מילכיגס — 5
- 87) פינף און זיבעציג טויזענד — 15
- 88) דאַטש — 5
- 89) חרופּת — 5
- 90) א פריהער פסח — 5
- 91) וואָליג מעלאַנכאָליק — 10
- 92) לאָנדאָן — 10
- 93) פּאָפּירלעך — 10
- 94) אויפ'ן פידעלע — 8
- 95) א בכבוד'ע פרנסה — 8
- 96) סענדער בלאַנק — 35
- 97) מיליאָנען — 20
- 98) איין מאָל א סוכה — 5
- 99) די פאָהן — 5
- 100) עס פידעלט גישט — 7
- 101) בלומען — 7
- 102) שלום-שלום-מזל — 7
- 103) פערבענקטע שהיים — 5
- 104) גענוג — 5
- 105) דאָס דריידיל — 8

### ז. וועגדראָף:

- 106) איבער די קשיות — 5
- 107) א ענדיק אויף פסח — 5
- 108) א סוכה אויפ'ן בוידעם — 5

### שלום עליכם:

- 109) די רעזיגע נשמה — 8
- 110) הענלער און נידעריגער — 8
- 111) די רויטע ידעלעך — 10
- 112) תשרים-בערער — 10
- 113) גלות דאַטשע — 20

### מענדעלי מו"ס:

- 114) וואָס איז חנוכה? — 5

### שלום עליכם:

- 115) קבר אבות — 5
- 116) מען טאָר גישט זיין קיין גוטער — 5
- 117) גיטא קיין מזל — 5
- 118) דרייטע קלאַס — 5
- 119) דער גליקליכער איינקערפּס — 5
- 120) סטאַנציע באַראַנאָוויטש — 5
- 121) א מענש פון בוענאָס-איירעס — 5
- 122) א תחנה אָהן בלי-נדר — 5
- 123) רוף מיך קנאַקניסעל — 5
- 124) קעניג פיק — 5
- 125) א זעקס-און-זעכציג — 5

### ז. וועגדראָף:

- 126) געגעכטיגט אין סוכה — 5
- 127) מרדכי אין סקאַבעלער — 5
- 128) צאלע דער בעל השבון — 5
- 129) בײם גרינעם טישעל — 5
- 130) צמח דרעהקאָפּ — 5
- 131) דער אָרעסטער קראַסאַוויצן — 5
- 132) נרח און פּלאַגי — 5
- 133) רעדלעכט — 5

## שלום-עליכם'ס ווערק.

| נומ. | ווערק | באנד | פערלאַג | בראָשירט ר' | בראָשירט ק' | געבונדען ר' | געבונדען ק' |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 296. | פֿיער טייל אין צוויי בענדער . | | פראָגרעס | 2 | 50 | 3 | 10 |
| 297. | יובילעאום-אויסגאַבע | I באנד׳ | " | 1 | — | 1 | 30 |
| 298. | " " | II . . | " | 1 | — | 1 | 30 |
| 299. | " " | III . . | " | 1 | — | 1 | 30 |
| 300. | מנחם מענדיל'ס בריעף | IV . . | " | 1 | — | 1 | 30 |
| 301. | מאָטעל דעם חזן'ס | V . . | " | — | 80 | 1 | 05 |
| 302. | יודישע קינדער | VI . . | " | — | 85 | 1 | 10 |
| 303. | טוביה דער מילכיגער | VII . . | " | — | 80 | 1 | 05 |
| 304. | קאָמי-וואָיאַושאָרין | VIII . . | " | — | 80 | 1 | 05 |
| 305. | דער מבול. . . . | | " | — | 80 | 1 | 05 |
| 306. | סטעמפעניו . . . | | " | — | 40 | | |
| 307. | סענדער בלאַנק און זיין געזינדיל | | " | — | 35 | | |
| 308. | אַ מעשה אָהן אַנ'עק . . | | " | — | 25 | | |

צוזאַמען מיט די געזאַמעלטע ווערק פון דעם באַליעבטען הומאָריסט, וואָס נעהמען ארוים סיסטעמאַטיש און גרויסען פאָר-מאַט, האָבען מיר ארויסגעלאָזען אויך אַ ריהע סעריע קלענערע בראָשורען פון שלום עליכם'ס בריליאַנטענע הומאָרעסקען. די דאָזיגע בראָשורען, וועלכע פערקויפען זיך צו זעהר ביליגע פרייזען, זענען גלייך צוגענגליך פאַר אַלע שיכטען פון פאָלק, און גיבען יעדען יודישען לעזער די מעגליכקייט, צו געניסען דעם גרויסען גײַסטיגען פערגעניגען, וואָס נאָר איין שלום עליכם איז אימשטאַנד איהם צו פערשאַפען.



Тип. Я. Швабе и Г. Пимента, Сѣраковская 4